לארד ביראן.

# הימל און ערד.

איבעז—י. בלייכער.

# הימעל און ערד.

## (דער מבול).

א מיסטעריע פון לארד בייראן.

אידיש: י. בלייכער.

דרום-פארלאג.
קיעוו.
1919.

דרוקעריי „התחיה“ גרוב. וואסילקאווסקי 72.

וַיִּרְאוּ בְנֵי הָאֱלֹהִים אֶת בְּנוֹת הָאָדָם כִּי טֹבֹת הֵנָּה
וַיִּקְחוּ לָהֶם נָשִׁים מִכֹּל אֲשֶׁר בָּחָרוּ.

---

„און פלעכטעט די פרוי נאכן דעמאן איר געליבטן“
קאלדרידוש.

# פערזאָנען:

גייסטער: רפאל, פמיאס, עזיאל.

מענשן: נח, שם, יפת, עירד, ענה, אהליבמה.

פאר פון גייסטער.

כאר פון שטערבליכע.

ע נ ה: דער פאָטער שלאָפט עס איז די שעה ווען די,

וואָס ליבן אונז, געוועגליך נידערן

דורך אררטס נעריבטן וואָלקן-ברעג,

הי קלאַפט מײַן האַרץ!

# ערשטע סצענע.

א וואלדיגער, בערגיגער געגנד נעבן בארג ארראט הלבנע נאכט. ענה און אהליבמה קומען.

ענה: דער פאטער שלאפט. עס איז די שעה ווען די,
וואס ליבן אונז געווייטליך זיידערן
דורך ארראטס געדיכטע וואלד בערגען,
זי קלאפט מיין הארץ!

אהליבמה: לאמיר זיי רופן.

ענה: פארצווינן האבן זיך די שטערן. כ'ציטער.

אהליבמה: אויך איך, נור איינציג פון דער שרעק זיי זאלן
ניט אויסן בלייבן לאנג.

ענה: מיין שוועסטער, כאטש
איך ליב עזיאל מעהר פאר... א, צופיל!
וואס רעט מיין מויל? מיין הארץ ווערט זינדיג.

אהליבמה: ווי קאן עס זיין א זינד צו האבן ליב
דעם חימלים זיהן?

ענה: דאך, אך, אהליבמה,
גאט ליב איך ווינצ'גער זינט זיין מלאך ליבט מיך,
צו קאן זיין רעכט אזוי? און כאטש איך וויים ניט קלאר
מיט וואס איך זינדיג, פיל איך מוינט אנגסטן
וואס טייטן אן אויף שלעכטס.

אהליבמה: פארקים זיך, אויב אזוי
דאן מיט א שטערבליכן אין ערבינט, שפין;
אט, יפת, ליבט דיך, ליבט דיך לאנג, נעם אים
אין ברוכבער שטיב.

ע נ ה: עזויאל געליפט
וואָלט איך ניט ווינציגער, ער זאָל זיין שטערבליך,
נור ס׳פרעהט מיר, וואָס ער איז עס ניט, איך קאָן
אים ניט אריבערלעבן,—אין קלער איך
אז ס׳וועלן זיינע אומשטערבליכע פליגלן
ארומגישטערן איין טאָג ארום דעם קבר
פון אָר׳מען מענשנקינד פון שטויב, וואָס האָט
אַרויסגעקוקט צו אים מיט אזא ליבע,
ווי ער צו גאָט,—ערשיינט דער טויט אליין
ניט אזוי שרעקליך. ס׳טוט באנג ניט מינדער דאָך
מיין הארץ אויף אים! עס וועט יאָרהונדערטער
געדרויערן זיין שמערץ נאָך מיר, אזוי
וואָלט דויערן מיין שמערץ, כ׳זאָל זיין דער שרף
און ער דער שטערבליכער וואָלט זיין.

הליבמ: ואָג בעסער,
ער וועט זיך אויסקלייבן אן אנדער פרוי
אויף דר׳ערד און ליבן איר ווי איינמאָל ענהן.

נ ה: אויב ס׳זאָל געשהן, און זי זאָל ליבן אים,
איז׳ס בעסער איידער תמיד נאָך מיר קלאָגן.

הליבד: איך זאָל׳ס פון סמיאס ליבע טראַכטן, מאג ער
אַ מלאך זיין—פאַרשטויסן וואָלט איך אים!
לאָמיר זיי רופן, עס איז שוין צינד די שעה.

נ ח: עזויאל!
פון דיין שטערן,
וואו נאָר דיין שכינה זאָל ניט זיין,
אויב אינם הימעל־סכום געבליבן
צו האַלטן וואַן דאָרט מיט „די זיבן", 1)
אויב וועלטן האָט דיין פליגעל־שיין
אין רוים אונענדליכן געטריבן,
א, הער!
צו דער ווער ס׳ליבט דיך נויג ס׳געהער.
האָטש נישטיג מאג זי זיין פאַר דיר,

ביסטו איר אלץ, ווי זי זיך מער.
דו קענסט זי ניט—די פּיין אהן שיעור,
וואָס דריקט ניט קיינעם, חוץ נאָר מיר,—
די ביטערניש פון טרער.
דיר איז די אייביגקייט באשערט,
דיר לויכט די שכינה אינם בליק;
מיט מיר קאָנסטו ניט טיילן גליק,
אַ חוץ אין ליבע, און דאָס גלויב—
אָ נאָך מער ליבנד קינד פּון שטויב
האָט ניט געשיירט איר מרער אייף דר׳ערד.
דורך וועלטן וואנדערלסטו, זעהסט דעם,
דורך וועמען עס איז גרויס דיין שם,
דורך וועמען עלענד זיינען מיר,
פאַרשטויסענע פון עדנ׳ס טיר:
אָ הער!
צו מיר נויג דיין געהער,
מיך האָסט געליבט און שטארבן וויל איך ניט,
ביז כ׳וועס ניט דאָס, וואָס ס׳איז מיין טויט צו וויסן:
פאַרגעסן האָסטו אין דיין אייביגקייט-געביט
די, וועמעס האַרץ קיין טויט וואָלט אָפּ־עריסן
פון דיר, אונשטערבליכער. אָ ס׳איז די ליבע גרויס
ביי די, וואָס ליבן אין דער זינד און שרעק,
מיין הארצענס-קאַמף פאַרביטערט מיר די טעג—
פאַרגיב, אָ מלאך, מיר די רייד:
איך בין אַ מענשענקינד נור בלויז
און קימער איז פון אונזער לעבן דער יסוד.
די פּיי,—
אַן ערן ווייט פון בליק,
בלויז ווי אין טרוים ערשיינט אַמאָל דאָס גליק.
עס איז די שעה,
וואָס זאָגט, אַז כ׳בין נאָך ניט פאַרלאָזן גאַנץ,
ערשיין, ערשיין!
באַווייז זיך, פלאַן, דאָ,

עזויאל מיין,

(לאָז איבער שטערן צו זײַער אייגנעם גלאַנץ.)

אהליבמה: סמיאס!

וואו נור דו זאָלסט ניט איצט געװעלטן
אין איבער־װעלטן,
אויף קריג פירסט אָן מיט גייסטער־העלדן,
וואָס דרייכטן זיך צו שטרייטען קעגן אים,
אויב פינם תהום אַ וואַנדער־שטערן,
וואו ס'קומט אַ וועלט מיט אירע ברואים אום
צוריק פירסט צו זיין תהום,
אייב מיט די כרובים לאָזט הערן
אין לויב־געזאַנג דיין שמים,—

סמיאס!

דיך רוף איך, ליב דיך, וואַרט אויף דיר
איך וועל פאַר דיר די קני ניט בויגן,
נור אייב דיין גייסט צו מיינעם קאָן זיך נויגן
מיין לעבנס־גורל טייל מיט מיר.
באַטש שטויב זיין איז פאַר מיר דער חוק
און די ביסט שטראַלן,
פיל העלערע, ווי די פון טאָג
ביים עדנס קוואַלן,
קאָן דיין אונשטערבליכקייט ניט צאָלן
מיט ליבע הייסער פון געפיל,
וואָס אין מיין הארץ איז אנגעקוואָלן.
מיין ליבע, באַטש זי מאָר ניט שיינען,—כ'פיל
האָט אנגעצונדן גאָטס און דיין אַ שטראַל.
זי קאָן זיין לאַנג פארבאָרגן: טויט און קוואַל,
וואָס ס'האָט די ערשטע מוטער אונז געבראַכט—
זיי מראָצט מיין הארץ. דער טויט, ער וואַכט,
דאָך אונז צעשיידן האָט דען טויט די מאַכט?
ביסט אונשטערבליך—מיך ראָט ניט אוים דער טויט,
כ'פיל מיין אונשטערבליכקייט, עס איז אַ שטראַם
וואו ס'זינקען טרערן, צייטן, שרעקן, נויט.

ס'הילכט ווי אַ דונער-קול פון תהום
אין מיין געהער: „וועסט אייביג זיין",
נור וועלן געהן אין פרייד די טעג,
דאס וויים איך ניט און ניט איך פרעג,
דעם סוד הילט ער אין וואלקן איין,
וואו ס'איז דער קוואַל פון ברכה און פון פיין.
נור דיך און מיך פארטיל'ן קאָן ער ניט,
ער קאָן אונז אנדערשן, צעשטערן— ניין,—
ס'איז אייביג אונזער מהות, מיר קעמפן מיט,
אויב ער זאל וועלן קעמפן. מיט דיר געהן
און טיילן אלץ, אפילו אייביגע פיין—
דאס בין איך גרייט—דו טיילסט דאס לעבן מיין,
ווי קאָן איך פון דיין אייביגקייט דען ווייכן?
ס' זאל זיך אַ שלאנג ארום מיך שלייכן,
זאלסט זיין די שלאנג און שטעכן מיר די ברוסט'
איך וואלט פארגעהן פון לוסט
אין דיך ניט שעלטן, כ'וואָלט געווען באַגליקט
און פעסטער דיך צו זיך געדריקט—
אָ, נידער און די ליבע פרוב
צום הימלישן, פון שטערבליכע אין גוף,
נור איז מער פרייד אין הימעל פאַן
ווי די קאָנסט געבן, נעמען—בלייב דארט דאָן.
ע נ ה: אָ, שוועסטער, שוועסטער, זעהסט ווי שלייכן
אין העלן וועג זיך דורך דער נאַכט.
אהליבמה: פון זייער פליגל וואָלקנס ווייכן,
ווי ער וואָלט מראגן מארגן-פראַכט.
ע נ ה: ס'זאָל פאָטער זעהן דאָס אָנגעזוכט!
ער וואָלט געדאכט לבנה ליכט
אהליבמה: איז דורך א צויבער שפּרוך
געקומען צייטיג צו באזוך.
ע נ ה: זיי קומען! ער! עזזיאל!
אהליבמה: אָ, איך

באנגענען זיי. מיין וועל נאך פליגלן שטרעבט:
צו קאָנען קומען, בעת ער שוועבט,
צו סמיאם.

ע נ ה: וועה, ווי אין כזיה פלאמט דער בארג,
ווי ס׳וואלט די זון זיך אומגעקערט,
איף אררטס געהיימען קארג,
א מילדער פארבען בניגן ווערט:
דאס איז די שפור פון זייער שטעג,
אָט שײַנט זי, אָט ווערט נאכט ביים ברעג.
און עס צענעהט ווי שפריצן שוים,
וואס בלייבן אויפן וואסער זוים,
ווען דער לויתון שטיפט אין שטראָם
אין לאזט זיי איבער פאר זיין פאל
צו זיך א היים, צו זיך אין תהום,
טיף, טיף אראָפּ, וואו ס׳איז פון ים דער קוואל

אהליבמה: די ערד בארירן זיי! אָ סמיאם!

ע נ ה: מיין עזזיאל!
(זיי געהן ביידע אפ).

# צווייטע סצענע.

## עירד און יפת קומען.

עירד: פארצווייפל ניט, וואס ווערסטו בלאנזשענע,
און צוגעבן דיינשווייגן צו דער שטילער נאכט,
אין טריבע בליקן צו די שטערן הויבען!
זיי העלפן דען?

נ פ ת: זיי לינדערן מיין וועה;
זי אפשר קוקט אויף זיי, ווי איך קוק איצט.
איך שטעל מיר פאר: א שען באשאף ווערט שענער נאך,
ווען ס׳קוקט אויף שענקייט, אויף די אויביגע שענקייט
פון אויביג אונפארגענגליכעס. מיין ענה!

עירד: זי ליבט דיך אבער ניט.

יפת: אך לײַדער, נײַן,

עירד: אויך מיך פארשטויסן) דו שטאלצע אהליבמה.

יפת: כ'פיל מיט.

עירד: זאל זי זיך האלטן מיט איר שטאָלץ,
ס'העלפט מײַנער מיר פארטראָגן איר פא־אכטינג,
ס' קאן זײַן, די צײַט וועט אויך זיך נוקם זײַן.

יפת. גיט פרײַד אזא געדאנק?

עירד: ניט פ־ײַד, ניט לייד:
איך האב איר שטא־ק געליבט, וואלט ליבן מער נאָך.
וואלט זי צוריקגעצאָלט מיט ליבע. זאָל זי
דערגרייכן וואס, ווי ס דוכט איר, איז איר גליק.

יפת: וואס פאר אגליק?

עירד: איך האב א גרונט צו קלערן:
זי ליבט אן אנדערן

יפת: ווער? ע־הו!

עירד: נײַן, איר שוועסטער.

יפת: דאָך וועמען?

עירד: כ'ווייס ניט, איך דערקאן נאָר
פון אלץ אין איר, אז עמ־ץ האט זי ליב.

יפת. דאך ענה אָבער ליבט בלויז גאט אליין.

עירד; ווער ס' זאָל ניט איר געליבטער זײַן, דו ביזט עס ניט,
וואָס נוצט עס דיר?

יפת ס' איז אמת גאר ניט, דאָך
איך ליב איר,

עירד: איך האָב אויך געליבט.

יפת: און איצט

עירד: מער ניט, ביזט גליקליכער דען איצט?

יפת: אָ יאָ!

עירד: איך האב אויף דיר רחמנות.

יפת: דו אויף מיר?
אויף דיר—ביזט גלוקליך, האָבנדיג פארלאָרן

דאָס, וואס עס מאכט מיך עלענד

**עירד:** כ'זעה אין דײַן שפּאָט אַ סימן בלויז פון קרענקונג
איך וואָלט ניט וועלן פילן דאָס, וואס דו פילסט.
ניט פאר מער שקלים, ווי ס'וואָלט אײַנברענגען
דעם פאַבערס רינדער, ווען געוואגן אויף מעטאַל
פון יענעם געלן שטויב, וואס ס'שפּארן אונז אַרײַ
קיג'ס זיהן, ווי אויב מען וואָלט געקאָנט
אָפּשעצן אויפן נישטיג פאַרביגלאזן מיסט,—
דעם אָפּוואורף פון דער ערד—די מילך, אין וואָל
און פלײַש, און פרוכט פון אונזער פיה, און וואס
די ווילדניש גיט. געה, יפת, זיפץ אויף שטערן,
ווי ס' הוילן נאכטליך וועלף אויף דער לבנה,—
כ' געה צו מײַן רוה.

**יפת:** איך וואָלט עס איך געטון
כ'זאל קאָנען רוהען.

**עירד:** קערסט דו צו די צעלטן?

**יפת:** נײַן, עירד, כ'וועל מיך צו די הוילן קערן,
וואו ס'עפנט, ווי מען זאָגט, די אינערליכע וועלט
איר מויל, דורך אים ארויסצולאזן גייסטער
פון דר'ערד, צו וואנדלען אויף איר פלאַך.

**עירד:** צו וואָס?
וואָס וועסטו טון דאָרט?

**יפת:** לינדערן מײַן טריב-געמיט
דורך גלײַכע טריבקײַט. ס' איז אַ וויסטער אָרט
אין מיר איז וויסט.

**עירד:** דאָך ס'איז געפערליך דאָרט.

**יפת:** נײַן, עירד, גלויב, איך האָב ניט בייז אין זינען,
און בייז וועט מיך ניט שאַדן.

**עירד:** ס' וועלן בײַזע דיר
מער שונא זיין, וויל דו געהערסט צו זײַ ניט,
קער אום דיך, אדער כ'געה מיט דיר.

**יפת:** נײַן, עירד, כ'מוז פארויס, אלײַן.

עירד: דײַן פריד מיט דיר.

יפת: (אלײַן)

פריד! כ'האב געזוכט אים דארט, וואו ער דארף זײַן,
אין ליבע, און געזוכט, קאן זײַן, מיט ליבע, העלפֿט ער
פארדינט—שטאט דעם איז א שווער הארץ מיר
און שוואכקייט פון געמיט און וויסטע טעג
און נעכט אהן שלאף געקומען. פריד? וועלכע?
די רוהיגקייט פון יאוש און די שטילקייט
פון וועלדער, אומבאטראטענע, געשטערט בלויז
פון שטורם-ווינט, וואס ווילדעוועט אין צווייגן,
די קרעכצנדע—דאס איז מײַן טריבער פריד
פון זעל געקוועלטער. ס' וועט די ערד פארדארבן;
פיל וואונדער-צייכנס ווײַזן אן אן ענדערונג
א גיכע און פארניכטונגס-משפט,
פאר אלץ, וואס איז פארגענגליך. ענה, א,
ווען אין דער שעה, וואס איז געווען געמאלדן,
וועט ווײַט זיך עפֿענען דער קוואל פון תהום—
ווי זיכער וואלסטו רוהען אויף מײַן הארץ
געשיצט פון די סטיכיען—ס'הארץ, וואס שלאגט
אומזיסט פאר דיר און וועט נאך שלאגן—
מער האפנונגסלאז, ווען דו... א, גאט, איך כאטש
זאל שאנעווען דײַן צארן, אינטער זינדיגע
איז רײַן זי, ווי א שטערן אינם וואלקן,
וואס לעשט ניט אויס, כאטש ס' פינסטערט זיך א רגע!
א, ענה, ס'הארץ, וואס דו פארשטויסט, געשעצט
ווי וואלט עס דיך, נאך הײַנט וואלט איך דערלויזט דיך,
געראטעוועט דײַן לעבן, ווען ס'וועט ווערן
דער ים דער קבר פאר דער ערד, ווען אומגעשטערט
פון פעלז און פלאכקייטן, וועט דער לויתן,
דער האר פון ים און וואסער-וועלטן, שטויגען
ווי אונענדליך זײַן מלוכה איז געווארן.

(נח און שם קומען)

נח: וואו איז דיין ברודער יפת?

שם: ס שיינט אוועק

ווי תמיד, טרעפן עירדן, נור כ׳ פורכט
ער האט די שרים געריכט צו ענה׳ס צעלט.
דארט נישטערט נאכטליך ער ארום,
ווי ס׳וואלט א טויב ארום איר נעסט צעשטעיטן,
נור אויך, קאן זיין, ער וואנדעלט דורך דער ווילדניש
צום היכל, וואס עפענט ס׳הארץ פון ארדט.

נח: וואס טוט ער דארט? עס איז א שלעכטער ארט
אויף אונזער ערד פול שלעכטס, דען ערגע׳ע
פון בייזע מענשן גיט דער ארט ארויס...
ער ליבט נאך אלץ דאס ווייב פון קין׳ס רוה,
כאטש קנסן מאר איר ניט, זי זאל אים ווען,
ווי נישטיג, אומגליקליך דאס מענשליך הארץ!
אז איינער פון מיין פלייש און בלוט, וואס ווייס
וואס פאר א גורל לויערט אונז׳רע טעג,
אז נאהענט איז די שעה, זאל זינד באגערן!
וויזז מיר דעם וועג צו אים.

שם: געה ניט, כוועל, פאטער,
געפינען יפת.

נח: שרעק זיך מיינעטוועגען ניט.
קיין איטמאויל קאן באפאלן דעם, וואס גאט
האט אויבערוועהלט, פיר ווייטער מיך.

שם: צום צעלט
פון פאטער פון די שוועסטער?

נח: ניין צום היכל.

(נח און שם געהן אפ)

# דריטע סצענע.

די צענע. — א הויהל, און די פעלזן פון קאווקאז.

פ ת: (אליין) דו ווילדערניש, וואס דוכסט זיך אויביג, הויהל,<br>
וואס זעהסט אויס אונערגרינדליך, בערג<br>
אזוי פארשיידן, פירכטערליך אין שענקייט;<br>
דא אין דער רויער מאיעסטעט פון פעלזן<br>
און ריזן-בוימער, וועלכע פלעכטן ווארצלן<br>
מיט אפגרונט=שטיינער, וואו סוואלט שטרויכלן<br>
א מענשנפוס, ער זאל'ס דערגרייכן, — יא,<br>
איר זעהט אויס אויביג! דאך, אין א פאר טעג,<br>
און אפשר שעה'ן גאר, וועט איר געאנדערט זיין:<br>
ג'ניאנט פון וואסער, אפגעשווענקט, צערפליצט.<br>
דער הויהל, וואס פירט, עס שיינט, אין אונטער-וועלטן,<br>
וועט דורכגעזוכט פון שטורמדיגע כוואלעס,<br>
רעלפינגען פלעשצן זיך אין לייבן-גרוב.<br>
און מענש... א מענשן, ברידער=מענשן, ווער<br>
וועט וויינען אויפן אלגעמיינעם קבר,<br>
חיץ מיר? ווער וועט פארבלייבן וויינען? פיינט!<br>
מיט וואס, אך, בין איך מער פון איך, אז איך<br>
מוז אייך אריבערלעבן? וואו, א וועלן<br>
די ליבע ערטער בלייבן, וואו כ'פלעג טראכטן<br>
פון עניהן, ווען איך האב נעהאפט, און וואו<br>
די ווייד'ע הויהלן, אויך ניט ווינצגער ליבע,<br>
וואו כ'פלעג פארצווייפעלט טרויערן נאך איר?<br>
און קאן דאס זיין! וועט יענער שטאלצער פעלז<br>
מיטן שפיץ, וואס שימערט ווי א ווייטער שטערן,<br>
באגראבן זיין אין קאכעדין תהום<br>
און קיינמאל מער ניט זעהן די זון אוועקשטייגן<br>
און אפווארפן זיין נעפל-שלייער'ס פאלט<br>
פון פינסטערן שטערן, — קיינמאל זעהן פאר-זינקען

הארץ הינטער זיך די פייערדיגע זון,
אים לאָזנדיג אין קרוין פון בונטע פארבן,—
ווען מער ניט זײַן דער לויכט-טורם פון דר'עיר,
וואס ס'ציגנן אָן מלאכים? קאן דאס ווארט קיינמאל
דען זיין געמיינט פאר דיר, פאר אלץ, חוץ מיר
און עטליכע באשעפענישן, געוועהלטע
פון פאטער, לויט זיין הארס באפעל? קאן ער
זיי אויפהאלטן, און איך האב ניט די מאכט
באַרייען איה, די ליבליכסטע פון עיר'ס טעכטער,
פון פסק, וואס ס'וועט א שלאנג אין שלאַנגין
פארמיידן, כדי דער מין זאל איבערבלייבן
צו שיגן און צו שטעבן אויף דער נייער ערד,
וואס ייעט זיך אויסראטען פון שלאם, דעם צורעק
פון דעם צעשטערטן לעבנ'ס שפליטער, ביז
ס'וועט אפשטעהן זיך פון וואלץ-זומפ א מצבה
איבן קבר פון מיריאדן וועזנס, היינט
נאך פול מיט לעבן. וויפיל אטעמס
וועט אויסגעהן טיטאמאל! אָ, שענע וועלט,
אזוי נאך יונג, באשטימט צו ווערן חרוב, כ'קוק
טאג איין, טאג אויס, און נאכט נאך נאכט אויף דיר
מיט א געפרעסטע הארץ, דען ס' זיינען דאך געציילט
די טעג דײַנע און נעכט: כ'קאן דיך ניט רעטן,
איך קאן ניט ראטעווען אפילו איר,
וואס, ווייל איך ליב איר, ליב איך שטארקער דיך.
דאך איך, שטויב פון דײַן שטויב, איך קאן ניט קלערן
פון קומענדיגן משפט, כ'זאל ניט פילן...
אָ, נאט, ווי קאנסטו — (ער באַרבראכט זיך).

א רײַשיגער קלאנג פון הויהל הערט זיך, און ס'פלאצט אוס
א געלעכטער—דערנאך שוועבט דורך א גייסט.

יפת: אינ'ם נאמען
פון אייביגן, ווער ביזטו?

גייסט: (לאכט) כא—כא—כא!

פת: בײַ ס׳הײליגסטע אויף דר׳ערד, א, זאג!

גײסט: (לאכט) כא—כא!

יפת: בײַם מבול קומענדיגן, בײַ דער ערד,
וואָס וועט פאַרשלונגען זײַן פון ים, בײַם תהום,
וואָס׳ט עפענען אלע זײַנע קוואלן,
דעם הימעל, וואס וועט מאכן וואלקנס—ים
און דעם אלמעכטיגן, וואס בויט און ברעכט!
דו אומבאקאנטער, שרעקליכער, אומזיכטיגער,
דאָך שווערליבער שאָטן, זאג מיר, זאָג,
וואָס לאכסטו מיט דײַן אימהדיג געלעכטער?

גײסט: וואָס ווײנסטו?

יפת: אָ כ׳באוויין די ערד
און אלע אירע קינדער.

גײסט: כא—כא—כא! (דער גײַסט פאַרשווינדט.)

פת: ווי ס׳שפּאט דער שר איום לײדען פון א וועלט,
דעם קומענדיגן הורבן פון א שטערן,
יאו זון וועט אויפגעהן, נור קײן חיות וואר׳מע.
ווי שלאפט די ערד! און אלץ וואס איז אויף איר
שלאפט ערב טויט! צו וואס באדארפן זײַ
אין אזא טאג דערוואכן גאר?... וואס קומט
דארט אן אזוינס, וואס שײַנט ווי טויט אין לעבן
און רעט ווי וועזנס, געבארענע אהריהער
פון אונזער וועלט? זײַ קומען אן ווי וואלקנס!
(פארשײדענע גײסטער געהן דורך פון הויכל

גײסט: אָ, פרעהט זיך, פרעהט!
ס׳פאַרשאָלטענע געשלעכט,
וואס דעם גן עדן האָט׳ס פארשוועכט,
זיך צו צוהערן צו די רעד,
וואס זאגט צו וויסן אהן דער מאכט,—
אצינד דערוואכט
צום טויט!
ניט לאנגזאם, אײנציג-ווײַז, דורך שווערט, דורך פלאג,

דורך יארן, הארץ־שלאג, צייטס אויסצערן
וועט זיין דער סוף. וועהט זייער לעצטן טאג:
ערד—ים וועט ווערן
קיין אטעם וועהט,
אחוץ פון שטורם אויפן וואכער־רוקן,
מלאכים מאטערן די פליגלען איין,
און בארג נאך בארג אט נע׳מט זיך אונטער־בוקן,
נישטא קיין ארט, פון וואנען אויסצוקוקן,
אין לעצטער שעה פון יאיש־שרעק,
צי ס׳וועט זיך ערגעץ אויפן ים א ברעג,
וואס וועט ניט זיין:
אלץ וועט זיין וויסט,
צו־נישט;
און אנדער סטיכיע וועט הערשן אינם לעבן
און איבראטן דעם דור
פון שטויב געקלעפן,
פון אלע פארבן בלאָ וועט בלייבן נאר,
בערג פילגעשטאלטיגע
און פלאכקייטן ביים ים—
זיי וועלן אויפן ארט ניט בלייבן,
און שוועלן צערערן געוואלטיגע
אומזיסט די קעפ נאך איבן טרייבן,—
ס׳וועט אלץ פארטרונקען זיין פון מבול־גוס.
מענש, ערד און פייער וועט פארגעהן,
און ים און הימל נאר אליין,
זיי וועלן קוקן גרוים און שטאר.
אין אויג פון האר.
און אויפן ים
ווער וועט זיך אויפשטעלן א היים?
יפת: (טרעט פארויס) מיין פאטערס האנט!
נאך שפראצן וועט דאס לאנד.
נאר ביז אליין וועט זיין פארניכט

פון זינעגליכט,

אייעך! איר שרים פון די אונטער־שיכטן,
וואס ביזן מיאוס זייער פרייד,
ווען גאט פאַר־דאַרבט, וואס איר וואנטשנט פארניכטן!
צוריק אין אייער הויהלן־לעבען,
ביז סוועלן כוואליעס שטייגן העכער,
אייך אויפזוכן דערין
און יאגן אייער וויסטן מין
זיך אומטרייבן אויפן וואסער־שיים,
אהן אויפהער אינם אינענדליכן רוים.

יפעט: דו זוהן פון פרומען,
ווען דו אין דיינע וועלן איבערקומען
אין תיבה אייערן דעם ווילדן שטראם
און ס׳וועט זיין אפגעשפארט דער קוואל פון תהום
וועט איר זיין גיט און גליקליך? — ניין;
דיין נייע וועלט וועט זיין פול ווער
דער נייער דור וועט זיין ניט אזוי שען,
ניט לעבן אזוי לאנג, ווי זיי
די ערד באטרעטנדע מוטיגע טיטאנען,
די פרוכט פון, היממעלס־זוהן און חייבער-פאלק פונדאנען.
דיר וועט פון עבר בלייבן אוין זאך, טרערהן.
און פלאמט דיין פנים ניט פאר שאנד,
אויף אזא אופן בלייבן לעבן,
און עס, טרינקען און זיך מערן
מיט א געמיינע הארץ, אזוי פיל אונטערגעגעבן,
אז וויסנדיג, עס מוז א וועלט פאַרדארבן,
זאלסט זיין אימשטאנד,
אנשטאט מיט וועה אין מוט צו שטארבן,
זיך זוכן שוץ אין פאטערס תיבה,
דיין שטאט זוך בויען אויף א וועלטן־קבר?
א וועלט אריבערלעבן ווער וואלט איינער,
אויב ניט א קנעכט געמיינער?

די טײנינגע

פארהאסן דויניגע:

איר זײט אן אנדער מין אין װעלטן־סדר,
דאך האסט קיין גײסט דעם צװײטן:
אויף איטליכן פון אונז א טראן אין הימל װארט
דאך אונזער ארט
װעט בעסער בלײבן דא אין חושך, אײדער
זײן הבר נאכלאזן אלײן אין לײדן:
גײה, עלענדער, מענסט געבן
דײן עלענד לעבן צו אזוינס װי דו — זאלסט לעבן,
און װעלן װאסערן אין שטורם ברילן
אויף װאס זײ האבן אפגעטון,
צו אומגעקומענע זאלסטו קנאה פילן,
פארהאס דײן פאטער װײל ער לעבט אין זון,
און זיך פארװאס די ביזט זײן זוהן.

באר פון גײסטער װאס קומען ארויס פון היכל.

אָ, פרעהט זיך, פרעהט;
קײן מענשן־קול דערגעהט
צו אונזערע געצעלטן שטילע
מער מיט א תפילה;
נאָט דינען
װעט איר זײ מער נים אָנטרעפן באגינען;
און מיר װאס זאגן קײנמאל ניט קײן תפילות
צו דעם, װאס װיל עס,
פאר װעמען אויסלאזן אײן קרבן, אײן געבעט
אין שוין א חטא, —
מיר װעלן זעהן װי אפגרונט־שטראמען רינען,
ביז ס'װעט אײן סטיכיע אלע זײנע װערק
צום כאאָס ברענגען, —
פון זײ װאס גריכן זיך צו זײן פון שטויב
װעט זײן א תל, און דער געבײן װעט העגען

אין הויהלן, גריבער, שפּאלטן פון די בערג,
וואו ס׳וועט דאס וואסער אויפזוכן זיין רויב,
וואו חיות גופא, אין דער מאכט פון שרעקן,
מער וועלן שוין ניט אנפאלן אויף קיינעם,
און דער געפלעקטער טיגער וועט זיך שטרעקן
ביים זייט פון שעפס, ווי ביי א ברודער שלאפן,
ביז אלץ, אחוץ דעם הימל רייגעס,
וועט זיין ווי ס׳איז געווען: שטיל, אומבאשאפן,
דערווייל וועט זיין געמאכט
אן אפמאך מיטן טויט, אז ער פארווערט
דעם ביסל רעשט פון שעפונג אויף דער ערד
נעבערן אים א נייעם דור צום שלאכט.
דער רעשט, אומשוויִמענדיג אין מבול־ים,
וועט אויף דאס ניי ארויסגעבן פון שלאם,—
ווען ס׳וועט די זון דעם רויבערדיגן דעק
דערוואַרמען צו א וועלט—פאר קומעריגע כעג:
נייע וועזנס, יארן, קרענק, פארברעכן, קלאג,
מיט גאר דער גאב פון האס און ארבעטס־פלאג
ביז וואנן—
יפת: (שלאגט איבער) דער ווילן פונם אויבערן וועט דאן
אונז פוטר זיין פון גוטן און פון בייזן
דעם טיין, און וועט די וועלט דערלייזן,
און אונטערן פליגל אויפנעהמען זיין שאף
און אפשאפן גיהינום־שטראף!
און דער, פון זינד גערייניטער, ערד
וועט זיין איר שענקייט אומגעקערט,—
דארט אונענדליך וועט א גן עדן שטראלן,
וואו ס׳ וועט דער מענש שוין מער ניט פאלן,
וואו זעלבסט דער דעמאן וועט זיין גוט.
יגייסט: און ווען
וועט אט דער וואונדער־נס געשעהן?
פת: ווען דער משיח וועט געקומען זיין

צוערשט אין פיין,

דערנאך אין הערליכקייט.

**גייסט!** דערווייל, אלץ מאטער זיך געשמידט אין נויט,

ביז ס'דארט די ערד נים אוין!

מיט זיך, מיט גאט אין דעם גיהינום פיר א שטרייט,

ביז וואלקנס ווערן רויט

פון בלוט וואס רויכערט פון מלחמה פעלד.

עס וועט אנטשטעהן א נייע וועלט

מיט נייע צייטן, מענשן, נייע געננ,

און אלטע טרערן, אלטע זינד און קרענק

אין די פארשיידנסטע געשטאלטן,

אין ס'וועט דיין הארץ אלץ שטורמען נאכ'ן אלטן

און איר וועט אומקומען, ווי ס'וועלן

דעם ריזן־דורך פארשלינגען באלד די וועלן.

כאר פון גייסטער:

ווייט ברידער, פול פרייד!

שטערבליכע, לעבט וואוהל!

הערט! הערט! דער בייזער ברום, ער געהט!

עס וואקסט פון ים געשוואלענעם דער גרויל.

די ווינטן פערערן די שארפע פליגלן ווילד,

די וואלקנס האבן שוין די ברונימס אנגעפילט,

דער קוואל פון טיפעניש וועט איבערשווימען

און הימלן עפנען פענסטער־ ס'מענשן־קינד

וועהט, מערקט נור זיך ניט יערן בייזן סימן,

ער איז נאך ווי אין אנהויב בלינד.

ער קאן ניט הערן קלאנגן, וואס מיר הערן,

דעם דונער, וועלכער לויערט אין די ספערן

און בלייבט נאך א פאר שעה פארשטעקט,

זיין בליץ־פאן וויקלן נאך די וואלקנס איין,

נאך נים אנטפלעקט

צו קיינעם, חוץ צו נייסט'ס אלץ־וועהעדינגן שיין.

**ערד, ערד, אָ, קלאָג!**

דיין טויט איז נעהנטער ווי דיין ערשטער טאָג,
בערג ציטערט באלד צו זינקען מיזן
אין וואסער-גוסן!
די כוואלעס וועלן זיך אן אייער פעלז צעשלאגן,
און מישלן, פונם ים די מינדסטע זאך
וועט זיין צום נעסט פון אדלערס-קינד געטראגן:
ער וועט זיך קרייזן איבערן וואסער-פלאך
און רופן מיט זיין ווילד געשריי,
אין ענטפערן וועלן כוואלעס, בלויז נאר זיי.—
דער מענש, דערווייל, אימזיסט וועט פליגלן בעטן,
די פליגלן,* וועלכע קאנען אייך ניט רעטן,
וואס זיינען ניט דעם שטורם גיבר;
וואו זאל דער אדלער גופא רוהען? אונטער אים
דורכאויס דער ים—זיין קבר.
זייט, ברידער, פול פרייד!
הויבט העכער איטליכער זיין שטים!
אלץ, אלץ פארגעהט,
חוץ ס׳ביסל רעשט—די זאט פון שת
די זאט פון שת
וועט ראסמאל זיין דערלייזט פון ...וועלן,
כדי בלייבן זאל, ווער ס׳וועט זיך שפעטער קוועלן,
דאך קינ׳ס דור
וועט אומקימען ביז גאר:
פון אלע זיינע טעכטער שענע
וועט זיך ניט ראטעווען קיין איינע,
זיי וועלן מוזן אונטערן וואסער ליגן
צו אומשווימען מיט שטארע בליקן
די האר צעשאטן.
עס איז געבאטן,
אלץ מיז פארגעהן!
און גאך די מענשליכע געשריין

װעט הערשן שטילקײט נאר אלײן.
גיך ברידער, פאַרװעהט!
דאך זײט אלץ פײל פרײר!
געפאלען זײנען מיר אין זינד!
זײ פאלן צינד!
און ס'װעלן אומקומען צינד אויף דעם אופן
די פײנט פון גאט, װאס פון גיהינום לויפן.
(דו געסטער פארשװינדן, שװעבנדיג נאך אויבן)

יפת: (אלײן)
גאט האט באשטימט דעם גורל פון דער ערד,
מײן פאטערס תיבה האט פון אים געמאלרן,
די שדים שרײען אוים עס פון די הױהלן,
און הנך האט פאַרױסגעזאגט עס לאנג [2]
אין שטימע ביכער, װעלכע זאגן מער
צום גײסט דויך שװײגן, װי צום אײער דונערס.
דאך מענשן האבן ניט געגלײבט און אכטן ניט
און געהן נאך בלינד באגעגענען דעם גזר,
און ס'ארט ניט די אומגלויביגע זײן קומען
ניט מער, װי זײערע לעצטע קולות װעלן רירן
גאט און דעם ים, װאס'ט דורכפירן דעם פסק.
דערװײל נימא קײן סימן אין די הױלן:
גאנץ װינציג װאָקנס. אויפגעהן װעט די זון
דורך זײ און שײנען אינם לעצטן טאג,
װי אינם פערטן טאג פון שעפּינג װען,
גאט האט געזאגט „שין", און דורכשטראלט האט
די דעמערונג איר ליכט, װאס האט דאן ניט באלויכטן
דעם ניט געשאפענעם פאטער פון דער מענשהײט, נור
האט אויפגעװעקט פאַר דעם מענשנס תפילה
די ציטערנדע שירה פון די פויגלן;
זײ האבן עװי מאַכנם פליגלן און װי זײ
באגריסן זײ די הימל פאַר די אדמס קינדער, —
אָט, קומט אין װײער שעה, דער מזרח פלאמט

באלד זינגען זיי, באלד טאָגט עס, ביידעס
אַזוי נאך נאהנט צום מוראהדיגן סוף,
זיי וועלן מוזען זינקען זייערע פליגל,
פארמאטערטע אין וואסער, און דער טאג
נאך עטליכע פרימארגנס קלארע
וועט ווידער אויפגעהן, נור אויף וואס?—אַ כאַאָס,
וואָס איז געווען פאר אלע טעג אין איצט, באנייט,
מאכט צייט צו גאר נישט. וואס דען זיינען שעה'ן
אין לעבן? פארן שטויב ניט מער ווי אוויביגקייט
פאר גאט, וואס האט געשאפן ביידעס;
אהן צייט וואלט זיין די אייביגקייט דאך פוסט.
אהן מענשן,—צייט, וואס איז צוליב דעם מענשן,
שטארבט אפ און ווערט מיט אים פארשלונגן פון
דעם תהום אהן קוואל, פונקט ווי דעם דור פארשלינגען
וועט דאס, וואס ס'וועט די יונגע וועלט דערטרענקען.
ווער קומט דא אָן? פון ערד און לופט געשטאלטן?
ניין, הימלישע דורכאויס; ווי שען זיי זיינען!
איך זעה ניט קיין געזיכטער, בלויז געשטאלטן,
ווי וואנדערליך זיי שלייכן ביי דעם ראנד
פון גרויע בערג. צעשטרייענדיג דעם נעפל
און נאך די פינסטערע, ווילדע גייסטער, וועמעס
דעמאנישע אונשטערבליכקייט האט דא
געלעסטערט מיט נצחון-לידער, וועלן
די זיין מיר ניחה ווי גן ערן,—קאן זיין
זיי קומען מעלדן פאר דער וועלט דעם חסד,
וואס איך האב אפט געבעטן; א, זיי קומען!
אָ ענה! גאט, און מיט איר...

ענה: יפת

סמיאס: זעהט.
א זוהן פון אדמן.

עזיאל: וואס טוט דער ערדגעבארענער
דא, ווען די אנדרע שלאפ'ן.

יפת: מלאך, וואס

טוסט דו אויף דר'ערד, ווען דו דארפסט זיין אין הימל?

עזיאל: צי ווייסט ניט, צי פארגעסט איצט, אז א טייל

פון אונזער שליחות איז דיין ערד באוואכן,

יפת: מלאכים גיטע האבן איר פארלאזן

זי איז פארמשפט דאך, אויך די ניט גוטע

אנטלויפן פונם קומערינגן כאאס.

אָ, ענה, דו, אהן האפנונג נאך געליבטע!

וואס וואנדלסטו מיט גייסטער אין דער שעה,

ווען גוטע גייסטער שיינען נים אויף דר'ערד.

ענה. כ' קאן דיר ניט ענטפערן, נור, נור...

פארגיב.

יפת: דער הימל, וואס וועט מער ניט מוחל זיין,

זאל דיר פארגעבן,—גרוים איז דיין נסיון!

אהליבמה: קער אום צוריק צום צעלט זיך, נח'ס זוהן,

מיר קאנען דיך ניט.

יפת: אָ, די שעה קאן קומען,

ווען מיך וועשט מער־דערקאנען, אין דיין שוועסטער

קאן מיך נאך פארן זעלביגן ווי המיר.

סמיאס: זוהן פון גע־עכטיגן, וואס ס'זאל ניט זיין

דיין ליוד, דיין ווארט איז פול מיט וועה אין צארן.

מיט וואס האט עזיאל צי איך דיך דען

געק־ענקט?

יפת. מיט גאר דע־ ג־עכטער קרענ־ונג.

האסט רעכט, כאטש זי איז שטיל, בין איך איר ניט

געזוען אין ניט געקאנט זיין ווערט. לעב וואויל!

כ'האב ס'ווארט שוין, ענה, אפט געזאגט, נור כ' אג

צום לעצטן מאל איצט,—מלאך, ווער דו ביזט

צי וועשט באלד זיין, האסטו די מאכט צו רעטן

דאס שענע קינד—די שענע קי־דער קינ'ס?

עזיאל: פון וואס?

קאז זין רען, אז איך איר, איר ווייסט

נאך ניט? מלאכים, איר האט דאך געטיילט
דעם מענשנ'ס זינד, איר וועט אויך מוזן טיילן
אצינד זיין שטראף, צום ווינציגסטנס
מיין קומער.

**סמיאס:** קומער! כ' האב גאר ניטרעדווארס
צו הערן פון א מענשן-קינד א רעטעניש.

**יפת:** האט דער אלמעכטיגער דען אייך עס ניט אנטפלעקט?
פארלארן זייט איר דאן ווי זיי!

**אהליבמה:** זאל זיין!
אויב ווי מיר ליבן זיי, אויך ליבן זיי אונז,
וועט זיי ניט שרעקן ווערן שטערבליך—מער,
ווי מיך צו גוססן אן אייביגקייט
מיט סמיאס.

**ענה:** אָ, שוועסטער רעד ניט, רעד ניט
אזוי.

**עזיאל:** שרעקסט זיך, מיין ענה?

**ענה:** דיינטוועגן.—
איך וואלט מיט פרייד אוועקגעבן מיין רעשט
פון קורצן לעבן, אײדער נאר איין שעה
פון דיין אונשטערבליכקייט זאל וויסן פיין.

**יפת:** צוליב דעם שיף דען האסט מיך פארלאזן!
ניט אויב נאר מיך, ניט אייך דיין גאט האסט
פארלאזן, אָ, א בונד, ווי דער אט, צווישן
א שטערבליכן און אונשטערבליכן, קאן ניט
זיין גליקליך און געהייליגט, דען מיר זיינען
געשיקט אויף דר'ערד צו ארבעטן און שטארבן,
און זיי אבער דעם העכסטן אין דער הויך
צו דינען. נאר, אויב ער קאן רעטן דיך,
וועט קומען באלד די שעה, ווען הימלס-הילף
אליין וועט'ס קאגען.

**ענה:** אָ! פון טויט רעט ער.

**סמיאס:** פון טויט צו אנגז און די וואס זיינען מיט אונז!

ווען ער זאל ניט באטריבט זיין אזוי שטארק,
וואלט איך געשמייכלט.

**פתּ:** כ'בין באטריבט און שרעק מיך
ניט מיינטוועגן—איך בין אין זיכערהייט;
אָ, ניט דורך מיין פארדינסט, נור דורך מיין פאטערס:
ווייל גאט געפינט אים פאר גערעכט גענוג
צו שוינען זיינע קינדער. ווי באגער איך
זיין מאכט צו רעטן זאל זיין גרעסער, אדער
מיין לעבן אפגעבן פאר איר, ווער איינציג
וואלט מיינס געקאנט באגליקן,—זי די לעצטע
און ליבליכסטע פון קין'ס דור זאל קאנען
אן ארט געפינען אין דער תבה, וואו
ס'העט רעטן זיך די זאט פון שת.

**אהליבמה:** טיינסטו,
אז מיר, מיט קין'ס—א'מ'ס בכור'ס— י בּבלוט
אין ארער,—שנאיקן קין'ס! אין גן עדן
נעבאיענעם,—מיר וואלטן זיך פארמישט
מיט אייך שת'ס קינדער,— שת'ס, דעם לעצטן
פון אלטער־זוואכן אדם—ניט אפילו
די גאנצע ערד צו ראטעווען פון טויט!
מיר האבן באלד פון אייך זיך אפגעזונדערט,
און וועלן תמיד שיין אזוי פארבלייבן.

**יפת:** כ'האב ניט צו דיר גערעט, אהליבמה,
צופיל שוין פון דיין עלטער־פאטער, וועמען
דו שטעלסט דאס אזוי הויך, האסטו געירשנט
אין שטאלצן בלוט, וואס קומט פון דעם, ווער ס'האט
דער ערשטער עס פארגאסן—ברודער'ס בלוט!
דאך דו, מיין ענה,—לאז דיך רופן „מיין",
פאטש בוזט עס ניט, כ'קאן מיך פון וואט ניט שיידן,
אבוואויל איך מוז פון דיר, מיין ענה, דו
דערוועקסט אין מיר דעם טרוים, אז הבל
האט נאכגעלאזט א טאכטער, וועמעס פרומער

און צאַרטער דור לעבט אויף אין דיר, אזוי
ביזט אונגעהנליך צו הארטע קינ׳ס קינדער,
חוץ אין דער שענקייט, דען זיי זיינען שען.

אהל במה: (שלאגט איבער)
וואלסטו געוואלט זי זאל אין גייסט און זעל זיין
חוי אונזער פאטערס שינא? כ׳זאל בלויז דענקן,
אז עפּים איז פאראן אין איר פון הבלן...
געה, נח׳ס זוהן, דו ווילסט פארפירן שטרייט.

יפת: קינ׳ס טאכטער, ס׳האט דיין פאטער דאס געטון.

אהליבמה: שת האט ער נית דערהרגעט, וואס קערסט און זיך
מיט אנדערע מעשים צווישן אים און גאט?

יפת: ס׳איז אמת, גאט האט אים געמשפט, און
כ׳וואלט זיינע מעשים ניט דערמאנט, ווען דו,
אנשטאט צו גרויסן זיך. וואלסטו געשווירערט
פון וואס ער האט געטון.

אהליבמה: ער איז געוועזן
מיין פאטער׳ס פאטער און דער ערשטער בכור,
דער שטארקסטער און פארטרעגליבסטער,
איך זאל מיך שעהמען דען מיט אים, פון וועמען
מיר שטאמען אפ? זעה אונזער דור אן און
באטראכט דעם וואוקס, די קראפט און צאל פון טעג.

יפת: זיי זיינען צינד געציילט.

אהליבמה: זאל זיין אזוי!
נאר כל זמן ס׳זיינען שעה׳ן אונז געבליבן,
וועל איך די ברידער און די אבות לויבן.

יפת: מיין פאטער און זיין הויז זיי לויבן גאט;
און ענה, דו?

ענה: וואס גאט זאל ניט געבאטן,
דער גאט פון שת און קין, —כ׳מוז געהארכן,
כ׳וועל מיהען מיך געדולדיג צו געהארכן.
נור וואלט איך וואגן בעטן אין דער שעה
פון אלגעמיינער ראכע, אויב זי קומט—

וואלט זיין מיין תפילה ניט צו בלייבן לעבן
איך איינע פון מיין הויז־געזינט. אָ, שוועסטער
וואס וואלט געווען די וועלט, צי אנדרע וועלטן,
צי גאר די שענע צוקונפט אהן דער זיסער
פארגאנגענהייט, דיין ליבע און דעם פאטערס
און אלע לעבנס, זאכן, אויפגעטייכטע,
ווי שטערן, גלייכצייטיג מיט מיר, באלויכטנדיג
מיין טריבן לעבנס־לויף מיט מילדע ליכט,
וואס שטאמט ניט אפ פון מיר. אהליבמה,
אָ, אויב עס קאן זיין חסד, זוך, געפין אים,—
איך האס דעם טויט בלויז נאר, ווייל דו מוזט שטארבן

אהליבמה: ווי! האט דער טרוימער מיט זיין פאטערס תיבה,
דעם קאסטן, אייפגעבויט די וועלט צו שרעקן,
אויך באנג געמאכט מיין שוועסטער! ליבן אונז ניט
מלאכים! און אויב ניט, וואלט אויסנעקומען
זיך אויפהאלטן ביים ליכטיגן הויך א זיהן פון נח?
א, אידער דאס... ז אך [illegible] טרוימען, האבע,
זיי חלמט תמיד זיך דער ערגסטער חלם:
פאנטאזיעס, וואס אך אומגליקליכע ליבע
און נעכט אהן שלאף באשאפן. ווער וועט דען
אויפטרייסלן שטארקע בערג, די פעסטע ערד
און הייסן וואלקנס, וואסערן אנצונעמען
א פארעם אנדערע פון דער, וואס אונזרע אבות
און מיר—מיר האבן טראגן זיין געזעהן
אין זייער אייביגן וועג? ווער וועט עס טון?

יפת: דער, וועמעסווארט אליין האט זיי געשאפן.

אהליבמה: ווער האט געהערט דאס ווארט?

יפת: די וועלט, וואס איז
דורך אים אנטשטאנען. שמייכלסט אלץ נאך [שפאטיש?
דיין מלאך פרעג; אויב ער איז ניט קיין עדות,
איז ער קיין מלאך.

סמיאס: גאט, דיין גאט זאלסט עהרן.

אהליבמה׃

אהליבמה: איך האב געהערט אים שטענדיג
דעס, ווער ס׳האט אונז באשאפן, סמיאס,
דאך אלס א גאט פון ליבע ניט פון וועה.

יפת: אך, וואס איז ליבע אויב ניט וועה! אפילו
ער, וואס באשאפן האט די ערד מיט ליבע,
איז באלד געקרענקט געווען פון ערשטן מענשן,

אהליבמה: מען זאגט אזוי.

יפת: עס איז אזוי!

**נח** און **שם** קומען.

נח: יפת,
וואס טוסטו ביי די קינדער פונ׳ם שלעכטן?
שרעקסט גאר זיך ניט צו טיילן זייער פסק?

יפת: עס קאן ניט, פאטער, זיין א זינד זיך מיהען
צו ראטעווען א מענשנס קינד און זעה,—
דאס זיינען ניט קיין זינדיגע, זיי געהן
דאך מיט מלאכים אום.

נח: דאס זיינען דאס
די, וואס גאט׳ס טראן פארלאזן, כדי צו נעהמען
פון קינ׳ס קינדער ווייבער, זיהן פון הימל,
וואס זוכן אויף די טעכטער פון דער ערד
צוליב דער שענקייט זייערער?

עזזיאל: ס׳ איז וואר,
געדעכטער אונטער מענשן.

נח: וועה צום בונד!
האט ניט געמאכט א צוים גאט צווישן ערד
און הימל, אפגעזונדערט מין צו מין?

שמיאס: האט ניט געמאכט דעם מענש גאט לויט זיין בילד?
האט ניט געליבט גאט, וואס ער האט געמאכט?
וואס טון מיר דען, חוץ וואס מיר טון אים נאך
און ליבן די געשאפענע אין ליבע.

נח: כ׳בין בלויז א מענש, כ׳בין ניט בארופן שליכטן

די מענשן און פיל ווינציגער גאטס זוהן.
נור, ווייל באוויליגט האט דער האר אנטפלעקן
צו מיר זיין משפט, זאג איך, ס'קאן ניט רעכט זיין,
ווען שרפים נידערן פון אויביגן געזיץ
צו א פארגענגליכע, פארגעהנדער וועלט,
פונקט ערב אונטערגאנג.

**עזיאל:** אפילו ניט צו רעטן?

**נח:** ניט איר אין גאר דער הערליכקייט קאנט רעטן
וואס ער, ווער ס'מאכט אויך הערליך, האט פארמשפט.
וואלט אייער שליחות זיין צו רעטן, וואלט
דער חסד זיין פאר אלע, ניט פאר צוויי—
זיי מאגן זיין ווי שען; שען זיינען זיי,
און דאך פארמשפט.

**יפת:** א, זאג'ס פאטער ניט!

**נח:** מיין זוהן, אויב דו ווילסט אויסמיידן דעם גורל,
וואס זיי דערווארט, פארגעס אויף זיי, דען באלד
וועט קיינער פון זיי בלייבן, דו וועסט זיין
דער פאטער פון א נייער וועלט—א באסערער.

**יפת:** א, לאז מיר אונטערגעהן מיט דער...— מיט זיי!

**נח:** וואלסט ווערטה זיין פאר אזא געדאנק, דאך וועשט ניט,
דער, ווער עס קאן, דערלייזט דיך.

**סמיאס:** און פארוואס
אים, דיך, ניט יענע, וואס דיין זוהן ציט פאר
פאר דיך און זיך?

**נח:** פרעג דעם, ווער ס'האט געמאכט
דיך פאר א גרעסערן פון אונז און דאך
אויך אונטערטעניג זיין אלמעכטיגקייט.
[זעהט. זיין מילדסטער, רייםסטער מלאך קומט.]

רפאל קומט.

**רפאל:** גייסטער!
ס' איז אייער ארט ביים טראן,

וואס טוט איר דא?
א מלאך ווייזן זיך ווי קאן
איצט אין דער שעה,
ווען פאר דער ערד די שטראף קומט אן?
צוריק!
שטראהלט, הויבט דעם בליק
מיט עפירכט אים צו לויבן, ליבן,
דארט מיט די זיבן.

**סמיאס:** רפאל!
דו, ערשטער, שענסטער זיהן פון גאט,
זינט ווען איז דער געבאט,
אז ס'טאר ניט געהן א מלאך אויף דער ערד,
די ערד, וואס ס'האט
גאטס פוסטריט אפט בארערט?
וואס ער האט ליב און איר געמאכט
פאר ליבע, דא זיין מאכט
דורך שליחות האבן אויסגעפירט מיר גערן
און אים געערט און מינדסטער ווערק, באוואכט
פון גאר זיין רייך דעם יונגסטן שטערן;
און ס'לעצט געבארענע דורך זיין ווארט
נעהיט פאר אום דא אויפן ארט.
וואס קוקסטו שטרענג אן מיך?
פארוואס זאגסטו, אז ס'קומט א חורבן גיך?

**רפאל:** וואלט כמיאס מיט עוזיאל געוועז
אייף זייער ארט מיט די מלאכים איצט.--
מיט פלאם געקרוצט
ווי וואלטן זעהן
גאטס לעצטן גזר
און ניט געפארשט ביי מיר דעם מיין פון האר;
אומזיסנהייט מוז תמיד זיין
א טייל פון חטא,
גוף ... ר גופא צערט דאס

ווען אינערליך די גאוה רעט;
דען אימרעבט וויזט זיך ניט אין קלארן שיין;
בעת יעדער גיטער מלאך ווייכט פון דר'ערד,
בלייבט איר פון לייהנשאפט געבלענט און ווערט
דורך שטע בליכע געצילן קליין,
דאך קאיט איר זיין פארגעבן, שטראלן ריין
מיט אייער גלייבן נאך, איילט, איילט!
אניט דא חיילט
אין רויכט די אייביגקייט בא זיך : ליין.

עזויאל: און דו! אויב ס' איז פארבאטן אונז די ערד
אין דעם געבאט,
פון וואס מיר האבן ניט ביז איצט געהערט,—
צירנסטו ווי מיר ניט גאט
פארבלייבנדיג אויף דר'ערד?

רפאל: כ'קום ריפן איך צוריק צו אייער אוט,
אין גרויסן נאמען זיינעם, לויט זיין ווארט
איר זייט מיר טייער, דאך ניט ווינציגער
אין טייער מיר מיין שליחות, ביז אהער
אינאיינעם האבן מיר אין רוים געשוועבט;
אינאיינעם לאמיר איצט צים שטערן געהן,
יא, שטארבן מוז די ערד! אלץ, וואס דרויף לעבט
קערט אום זיך צו איר און מוז פארגעהן.
דאך, אך, פארוואס קאן אנדערש ניט די ערד
געשאפן ווערן, אדער זיין צעשטערט,
עס זאל ניט מינדערן די רייהן
פון אומשטערבליכע, אומשטערבליך נאך ציר
אין זייער מוראהדיגער זיני.
דער ברודער שטן איז געפאלן, ער
אין ברענעדיגן איבערמוט,
האט, איידער דינען גאט, געליטן שווער;
דאך איר, וואס זייט נאך דיין און גוט
מלאכים, מינדער מעכטיגע פון מעכטיגע

דענקט ווי געשטראפט ער איז געווען!
דענקט, אויב דער מענש-פארפירער קאן פארגעלטן
פאר אנגעוואָרנע הימעלס-צעלטן,
כ'האב לאנג געשטריטן,
מוז שטרייטן לאנג
מיט אים, וואס האט געליטן
אין זיין דראנק,
צו זיין באשאפן פונם גאט,
וואס האט געמאכט אים אינם כרובים-ראד
גלייך צו א זון אין קרייז פון שטערן,
פאר וועמען דער מלאכים שיין מוז צערן,
כ'האב אים געליבט, ער איז געווען שע
ווער, חוץ דעם שעפער גאר אליין,
קאן גלייבן זיך אין שלעכטס און אין מאכט
צום שטן! אָ, זאל קיינמאל זיין געדאכט
די שעה פון שטנס פאל!
איך לעסטער ניט די רעד, — דאך איר
האט זיך נאך פון דער שטראף באפרייט
געווארנט זיך פון מיר:
צו זיין די אייביקייט
מיט אים אדער מיט גאט, האט איר די וואל,
ער האט איך ניט פארפירט, ער קאן עס ני-
מלאכים זיינע אפגעהיט,
דאך האט דער מענטש נישט געהאָרכט צו אים,
און איר האט צו דער פרוי זיך צוגעהערט, —
שוין איז זי אויף דער ערד;
איר קוים רעדט איר מער ווי פון שלאנג די שטים:
די שלאנג האט שטויב באוויגט, — זי פאנגט אין גנין
דעם הימלס זוהן און ברעכט דעם הימלישן געזעץ.
אילט, אילט געשווינט!
איר קאנט ניט שטארבן, —
דאס מענשנקינד —;

עס מוז פארדארבן,
בעת קלאגן וועט איר דרויב
פאר דעם פארגענגליך קינד פון שטויב;
און זייער זכר וועט אין אייער אויביגקייט
אריבערלעבן זון און צייט.
באדענקט, ס׳ איז אייער וועזן ניט צו זייער גלייך
און גאר נישט ח״ץ אין לייד,—פארוואס זאל אייך
די גסיסה אויספאלן, וואס זיי איז צוגעגרייט,
געבארענע צו זיין געפלאגט פון צייט און לייד
און דאן פארצוקט פון טויט, דער מענשהייטס האר;
און ווען אפילו זייערע יארן
זאל ניט פארקירצן גאטעס צארן,
געהען זיי דאך אלץ צו בייז, זארג און געפאר.

אהליבמה: זאלן זיי געהן!
איך הער א שטים, אז אלץ מוז אונטערגעהן,
און ס׳וועט קיין איינער שטארבן ווי די אבות שען.
און אין דער הויך
א ים איז גרייט; און אויך
פון אונטן
צום הימל וועלן אויפשטייגן די גרונטן.
בלויז ווינציגע וועט מען שוינען נאר
און עס וועט איטליכער פון קינ׳ס דור
אומזיסט צו אדמס גאט
די בליקן אויפהויבן נאך גנאד.
אָ, שוועסטער! איז׳ס באשערט אזוי,
און דער אלמעכטיגער
פארנעהמט קיין תפילה מער,
און צו דער שעה מוז איינטרעפן דער וועה,
לאמיר זיך אפזאגן פון ס׳טייערסטע אויף דר׳ערד
און געהן באגעגנען כוואלעס ווי א שווערט,
אויב ניט אהן טרער, דאך אויך ניט אונטערגעבן,
באקלאגנדיג ניט זיך, נור די וואס בלייבן לעבן

אין אויביגער צו צײַטווײַליגער פּײַן,
און ווען עס וועט דער וואַסער נעהמען שטרעבן,
די וועלן מיר באַווײַנען, ווער פון קיין געווײַן
וועט שוין ניט וויסן ביזן סוף פון טעג.
געהט שׂרפים! געהט צו אײַערע ברעגן,
וואו ווינטן וועהען ניט און ס'גיסט קיין רעגן;
אונז איז דער טויט באַשערט
און אײַך—די אויביגקייט:
דאָך וואַס איז בעסער, טויטע צייט,
אדער צו לעבן, ווי'ס דער האַר פון הימל און פון דר'ערד
געהאַרכט איך אים, ווי מיר געהאַרכן זײַן געבאָט.
ניט איין שעה מער ווי ס'וועט דעם האַר געפעלן
וואָלט איך דאָ לעבן וועלן;
און אַז דער קלענסטער טייל פון אײַער חן
אין זײַנע אויגן זאָל פאַרלאָרן געהן,
וויל איך ניט פאַר דער גאַנצער גנאָד,
וואָס היינט דער דור פון שת
נאָך האָט.
געהט!
און וועלן פליגלן אײַך צום הימל ברענגען,
דענק, אַז עס שטייגט אַרויף מיט דיר מײַן בענקען,
סמיאַס!
און אויב איצט אין מײַן אויג קיין טרער זיך שטעלט,
קאָן דאָס בלויז מיינען,
אַז ס'איז אַ מלאך'ס כלה־פיל צו שטאַלן צו וויינען!
לעב וואויל! פאַרפלייצט איצט תהומען גרוזאַמע די וועלט!
חנה: און מוז'ס געשעהן?
כ'מוז שטאַרבן, דיך פאַרלירן,
עזיאל!
מײַן האַרץ, מײַן האַרץ, דײַן שטים איז וואָר געווען
און דאָך האָסט זיך געלאָזט פון גליק פאַרפירן,—
דער שלאָג, האָטש ס'איז ערוואַרטעט, טוט פאַרט וועה

עוזיאל: אט ווי ער זאגט, אזוי זאל זיין!
רפאל: ניין?
דאן פון דער שעה
פארבלייבט איר מאכטלאז דא,
פארלאזענע פון הימל'ס גנאד
און פרעמד צו אייער גאט.
לעבט וואויל!
יפת: ווערה! וועה! וואו וועלן זיי איצט לעבן? הערט דעם גרויל!
הערט ווי עס וואקסט דאס ווילדע ברומען,
ווי ס'ויפצט די ברוסט פון בארג, מער שטארק, מער שטארק,
קיין הויך פון ווינטן אויפן בארג,
דאך פלאטערט איטליך בלאט און ס'פאלן אפ די בלומען,—
עיך קרעכצט, ווי פון א משאה אויף איר קארק.
נח: הערט פון די וואסער-פייגלען דעם געשריי,
דעם הימל ווי א וואלקן דעקן זיי
און שיינען ביי די בערג, וואו ביז אצינד
האט זייער ווייסער פליגל, איינגענעצט פון אינ-
קיינמאל געזוכט א וועג,
אפילו ווען געיאגט פון שטורם-ווינט;
באלד וועט דארט זיין דער איינ'גער ברעג.
דערנאך—קיין פרייער ג !
יפת: די זון, די זון
געהט אויף, דאן וועט נישט מאג ווערפון!..
דער שווארצער רינג ארום, וואס האט
פארכאפט די גליהענדיגע ראד,
מעלדט אן, אז ס'געהט דער לעצטער טאג אוועק
די וואלקנס ווערן ווירער שווארץ, געדיכט,
היין, וואו א קופערשיין שלאגט דורך זיך ביי א ברעג,
ווי אין א זון-אויפגאנג אין גליליבערע טעג...
נח: און זעה! אן פלאמט א ליכט,
דער דונער, אנזאגער, קומט אן פון ווייט,
עס איז די שעה! אייל, אייל!

לאז איבער צו דער סטיכיע איר רויב.
אהין, וואו אונזער תבה וויגט איך פעספע הויב,
אהין—צו זיכערהייט ;

יפת: א פאטער, א, נאך ווייל!
מיין ענהן אינם תהום ניט טרייב!

נח: געהערט אים דען ניט אלץ וואס לעבט נאר? גיה

יפת: איך בלייב.

נח: דאן שטארב מיט זיי!
ווי וואגסטו אנ׳עהן אין דער הויך דיר צייבן
און וועלן ראטעווען, וואס אין פארדאמט געווארן
וואס צו פארניכטן איז זיך אלץ איצט מיכן,
לויט גאטס גערעכטן צארן!

יפת: קאן צארן מיט גערעכטיגקייט אינאיינעם גיין?

נח: דו, לעסטערער! וואגסט איצט נאך ווידערשפעניג זיין?

רפאל: זיי, צדיק, פארט א פאטער! האלט דיין כעס איין;
דיין זוהן, כאטש ער איז איבערמוטיג, וועט ניט זינקען,
ער וויס ניט וואס ער רעט,-ער וועט ניט טרינקען
דעם שוים פון ים; ווען ס׳וועט זיין לייד נשאפט פארגעהן,
וועט לעבן ער אויף דר׳ערד, ווי די איך א געעכטערן;
און וועט ניט אונטערגעהן,
ווי זיי די הימלס-זיהן מיט מענשן-טעכטער.

אהליבמה: דער שטורם קומט: די ערד און הימלן זיך באהעפטן
כדי פון דער ערד דאס לעבן אפצעווישן,--
דער קאמף איז ניט קיין גלייכער צווישן
דער מאכט פון אויבינן און אונזרע קרעפטן;

סמיאס: דאך זיינען מיר מיט אייך, מיר וועלן אייך
פארטראגן צו א שטילן שטערן,
וואו אייער גורל וועט מיט אונזערן זיין גלייך:
אין וועסטו נאך דיין ערד ניט ווייגען אין געהיים,
וועל איך דעם הימל, דער בארויבטן, ניט באגערן.

אהליבמה: א, פאטע-ליבע צעלטן, ליבע היים,
בערג טאלן, וועלדער! וועט איר זיין פארשוואונדן,—

ווער וועט דאן היילן מיינע בענקשאפט וואונדן?

עוזיאל: דיין הערצנספריינט! ניט שרעק דיך; כאטש פארטריבן
פון הימלן זיינען מיר, איז אונז געבליבן
געביטער נאך אסך, וואס אונז געהערט.

רפאל: דו מורד! ס'איז פארבריעבן יש דיין ריידן,
ביזט מאכטלאז פון היינט אן: דאס פלאמען־שווערט
וואס האט פאריאגט דעם מענטשן פון גן עדן,
פלאמט נאך אין מלאך'ס האנט.

עוזיאל: אונז שרעקט עס ניט. שטעקט מיט זיין בראנד
די שטערנבליצן, וואס בליצן פון שווערט;
פאר דעם אמט־שטערנבליצן וואס האט עס פאר א מעטה?

רפאל: לאנג וועסטו זיך מיט דיין קראפט שוין מער ניט ליבן,
וועסט וויסן באלד
ווי נוצלאז ס'איז צו שטרייטן קעגן גאטס געוואלט:
דיין קראפט איז ביז אצינד געווען אין דיין גלייבן;
(ס'קומען אן שטערנבליצע זוכנדיג א מקום מקלט.)

כאר פון שטערנבליצן:

ס'צעמישן זיך די ערד און הימלען—גאט! א גאט!
וואס האבן מיר געטון? ווייז נאך דיין גנאד!
הערט! וואלד־חיות שרייען זייער תפלה אויס!
דער דראקאן קריכט פון הייל ארויס,
צו זוכן שוץ ביים מענטשן פונם שרעק;
און פייגלען זוכן אין א בוים־אנגסט זיך א וועג.
א גאט! נעהם, נעם צוריק דיין רוט פון צארן,
דערבארים זיך, ווען ס'גייט דיין וועלט פארלארן,—
ניט בלויז דערלייזונג, דיין גאנצע שעפונג בעט דיין גנאד,

רפאל: לעב וואויל, דו מורד! איך קער אנדערע פון שטייב,
ב קאן, מאר ניט העלפן אייך,—ס'איז זיין געבאט!

יפת: ווי שפארבערס יאגן וואלקנס זיך נאך רויב,
ס'שטעהן אנדערע ווי פעלזן אויף זיין ארט,
גרייט אויסגיסן דעם צארן, לויט זיין ווארט.

קיין בלאַקייט וועט דעם הימל געבן פּראַכט,
קיין שטערן שימערן: עס האָט דער טויט דערוואַכט;
אַנשטאָט דער זון — אַשטאַרע, בלאַסער שיין
פלעכט זיך און מישער לופט אַריין,

**עוזיאל:** קום ענה, קום, פאַרלאָז די באָם-תּפיסה,
וואו ס'מיז צוריק זיך איינשפּאַרן די וועלט,
קום, רידען אונטער מיינע פליגלס געצעלט,
דאָרט וועסט זיין זיכער, ווי דער אַדלער'ס קינד
אין מיטערס נעסט. זאָל אַנקומען די גסיסה
אין קאַמף פון סמיכיען מיט שטורם ווינט;
מיר וועלן צו אַ וועלט אַ לויטערע שוועבן,
וואו דו וועסט אָטעמען אין עטהערש לעבן:
הויך שוואַרצע הימלען, זיינען אַנדערע דאָ.

(עוזיאל און סמיאזם פליהען אַפּ און פאַרשווינדן
אַנאַיינעם מיט ענה און אהליבמה)

**יפתח:** אוועק! פאַרשווינדן אונטער דעם געוויין
פון דער פאַרלאָזטער וועלט אין קיינמאָל שוין,
צו וועלן זיי נאָך לעבן אָדער אונטערגעהן
מיט אַלן אויף דער ערד. אַ גאָט אין איר לעצטער שעה,
מיין ענה'ן ניט מער זעהן וועל איך.

באַס פון שטערבליכע:

אָ נח'ס זוהן, דערבאַרים זיך!
ווי קאָנסט אונז איבערלאָזן אין דער ביזער צייט;
אין איינער אינם וועלן שטרייט
געזיכערט אין דיין תבה רוהיג זיין?

**א מוטער:** (רייבנדיג יפתן איר קינד:)
אָ, נעהם דאָס קינד צו זיך אַריין!
כ'האָב אים געהאַט אין לייד,
געהאָפט מיט פרייד
אים צו מיין האַרץ צו דריקן.
צו וואָס איז עס געבאָרן?

וואס האט ער דען געטין—
מיין ניט אנטוואוינטער זוהן—
אז גאט זאל איסגיסן אויף אים זיין צארן?
וואס האט מיין מילך אזוינס, אז טויט
זאל ערד און הימל אויפרייצן אצ׳נד,
מיין קינד
און וואכער זאל זיין מילדן אטעם שטיקן?
א, רעט אים, זוהן פין שת פון נויט,
אניט פארשאלטן זאל מיט אייער שעפער זיין
דו און זיין פאלק, דורך וועמען ס׳קומט די פיין.

יפת: שטיל! ס׳איז קיין צייט פאר קללה נאר פאר תפלה.

## כאר פון שטערבליכע:

פאר תפילה!!!
און וואו
אויפשטייגן תפילות זאלן,
ווען ס׳ווערן וואלקנס אויף די בערג געשוואלן;
און פלאצן אויס:
און ימן שטורעמען פארוויס,
ביז ס׳הערט אויף דורשטיג זיין דער מדבר שוין אפילו?
פארשאלטן זאל ער זיין,
ווער ס׳האט גאשאפן דיך מיטן פאטער דיין!
א, קללות נוצן ניט, מיר מוזן אונטערגעהן,
און וייל מיר וויסן אונזער גורל שוין
צו וואס נאך זינגן שירה אויף די קניה
דעם אומדערבארימדיגן גאט,
מיר זיינען דאך געפאלענע ביי ווי.
ער האט די ערד געמאכט, אויף אים די שאנד און שפאט
צו שאפן וועלטן, כדי צו קיועלן זיי.—זיי קומען
די בייזע וואסערן און וולדן ברומען,
און צינד באטייבן יעדן לעבעדיגן קלאנג!
די וואלד ביימער וואס לעבן אזוי לאנג,

ווי דער גן ערן,—
פאר חוה האט געגעבן אדם דעם געשאנק—
די פרוכט פארבאטענע זיי ביידן,—
די בוימער מעכטיגע, דאך גרינע אויף דער עלטער'
זיי זינקען,
די בליטן זייערע די וואסערן דערטרינקען,
וואס שטייגן העכער, העכער העכער אויף.
אומזיסט צום הימל קוקן מיר ארויף
מיט כוואלעס קומט ער זיך צונויף
און גאט פון אונזער בליק פארשטעלט ער.
געה, נח'ס זוהן, האב רוה זיך אונטערן דאך
פון דיין געבענשטן ים=געצעלט
און זעה ווי ס'שווימען אויפן וואסער-פלאך
די מתים פון דיין יוגנט=וועלט.
דאן הויב צו גאט דיין שטים
און זינג א לויב געזאנג צו אים;

## א שטערבליכער

געבענשט ווער ס'איז טויט,
ווער ס'שטארבט אין זיין גאט;
ס'מאג קומען אויף די ערד פון ים די נויט,
דאך ס'איז זיין ווארט,
געלויבט זיי זיין געבאט!
ער האט געגעבן מיר מיין לעבן,
ער נעהמט דעם חיות, וואס ער האט געגעבן,
עס מאגן מיינע אויגן זיך פארמאכן,
וועל איך גיט אויפהויבן מיין קול, דעם שוואכן
צום טראן, זיך אפצולעטן פון געפאר,
געלויבט זאל זיין דער האר,
פאר וואס ס' פלעגט זיין,
פאר וואס ס'איז יעצט:
דען אלץ איז זיין,

צו װאס בין איך געבארן?

**יפת:** צו שטארבן אין די יונגע יארן,
אין גליקליכער בלום דורך דיין שטראף,
װי צו צוזעהן דעם אלגעמיינעם סוף,
װי עס איז מר,
פארשאלטענעם צו קלאגן דא, געגעבן.
פארװאס, װען אלץ גײט אונטער, מוז איך לעבן??

(די װאסערן שטײגן, מענטשן לויפן אין פארשידענע ריכטונגען, אפט פון זיי יאגן אן די בהמות, דער באר פון שטער. בלײבט צעשפרײט זיך, װײנענדיג שוץ אין די בערג. יפת בלײבט אויף א פעלז, בעת די תבה שװימט צו צו אים פון דער װײט).

# אנמערקונגען.

1) „די זיבן' מיינט מען זיבן שרי המלאכים, וועלכע געהערן צו דער אבטער מדרגה פונם הימלשען סדר.

2) „דער ספר הנך' ווערט גערעכנט פון „עפיאפן, ביי וועמע ער איז איינגעשלאסן אין ציקל פון דער הייליגער שריפט, אלס אפשטאמעטענד פון דער מבול-צייט.

דאס ווערק „הימל און ערד"
איז געשאפן פון לארד בייראן אין 1821.

